יודישע קינדער־ביבליאטעק.

הערשעלע.

I.

# זון־פייגעלעך.

א זאמלונג

לידלעך פאר יודישע קינדער.



פערלאג: לאזאר קאהאן.

# Sun-Feugelech.

**Eine Sammlung jüdischer Kinderlieder.**

Geprüft und auch für Ausfuhr freigegeben unter Nr. 16996 K. D. Presseabteilung, Lodz, d. 5. März 1918.

# זוי-פייגעלע.

א מתנה מיין ברודערן
זוהן שמואל ר.

נעהם איך מיר א שפיגעלע,
שטעל מיך קעגען זון;
שפילען זיך זון-פייגעלעך,
אויפ'ן וואנד רעדפין.

פרובען זיי די קינדערלעך,
פאקען מיט דער האנד;
ווענד איך אב דאס שפיגעלע,
בלייבט זיי קאלט די וואנד.

רייסלען זיי פערוואונדערטע,
מינ'ם כשוף-שיין:
ס'איז די וועלט א רעטעניש –
שפיגעלט אייך נאר איין!

# ל"ג=בעומר.

ל"ג=בעומר, ל"ג=בעומר,
געהען מיר אין וואלד;
אין הילצען, אין הילצען,
פרעהליך, יונג און אלט.

די בוימער, די בוימער,
בליהען פריש און גרין:
און מירמלען, און מירמלען,
מעשה'לעך אהן זין.

די פויגעל, די פויגעל,
שוועבען פראנק און פריי;
אוי פיפצען, און פיפצען,
לידעלעך אלערליי.

מיר שפאנען, מיר שפאנען,
פייל אין בויגען אויף;
אוי צילען, און צילען,
טרעפען הויך ארויף.

סיף און פאף —
היפ און טראף,
שיסט מען און יעגר חיים;
לויפט אוועק,
אלץ פאר שרעק —
פלאטערט מען פון פרייד.

## זומער.

די ערד איז גרין, די ערד איז בונט,
דער הימעל בלוי און לויטער;
די זון צופלאַמט אין פייער-גלוט,
דער מורח ברענט אַלץ רויטער.

די גרויסע שאָטען בעלד אויף פעלד,
און וואַלד די באָרדע בלעקען;
צוהוידען צאַרט אין פאַרבען-טויש,
און גרינס זיך צו פערשטעקען.

די פוהרען-היי אין פולען גאַנג,
די פויערים ביי די לייצען;
בעוועגען זיך מיט קורצע טריט —
די פערד און שפאַן צודרייצען...

די מידע וויבער — נעבען שוועל,
די קינדער — זיי צופיסקען,
דערהויבען זיך מיט פרישען מוט,
די טאַטעס צו בעגריסען.

די ציג אין הויף, דאָס קאַלב אין שטאַל,
צובלעקען מיט תחנונים — — —
עס וויזען זיך די קיה צום מעלק,
און שטעלען זיך ביים ברונעם.

# אַ בעגינען.

אַ ווינטעל ציטערט זאַכט פֿינאַנדער,
אַ ליפּטעל גיט געהיים אַ בלאָז;
אין וועלען שלענגלען, וועלען הויכען,
אין שטיל צו־ווינט זיך פֿיינגע גראָז.

דער נעבעל הויבערט לייכט פֿינאַנדער,
דער טוי צישימערט העל אין שיין;
אין דורך די וועגען, דורך די ביימען,
טרעט ווייטער פֿריש דאָס לעבען איין.

די שטילקייט ניכטערט לייכט פֿינאַנדער,
צו־זיבעלט מינטער אַרץ פֿון שלאָף;
אין אויף די שטעלער, אויף די הויפֿען,
בעוועגט זיך פֿרום די הערדע שאָף.

אַ הינדטעל האַווקעט לויט פֿינאַנדער,
עס מעקעט איינזאַם, ווייט אַ קוּה;
אין איבער דעכער, איבער קוימען,
ציקייקעלט בלוי אַ רויך אין רוּה...

אַ ליבע וואַרים שפּרייט פֿינאַנדער,
פֿערלאָקט, וואָס ווייטער מיך אין וועג;
וואוהין? וואוהין? — איך וויל נישט וויסען,
צו־וועם? צו־וואָס? — נישט פֿרעג, נישט פֿרעג.

# אַ זומער-טאָג.

די זון איז צוּפֿלאַקערט, די זון איז צוּבּרענט,
עס בּאַקען די שטראַהלען און פֿלאַמען;
די הענער צוּבּויגען, עס קריכען די ווענד,
עס שמעלצען די שינדעל צוּזאַמען.

עס גליהען די שטיינער, די שוועלען און גאַס,
עס פֿייערט דער אָטעם הערשטיקענד;
עס רינצעלט בּיים בּחוּרים דאָס הילצערנע פֿאַס, —
דער בּאָדעם צוּלעכצט זיך צוּטריקענט.

די לעהען, די פֿענסטער צוּדרעהטע פֿון היץ,
צוּשפּאָלטען דער קיט און די שויבּען:
דער עולם צוּפֿרעגעלט, געבּראָטען אין שוויץ,
די ווייבּער אַזש טרייסלען די הויבּען.

אין מאַרק די חזירים, בּיים קרעטשמע ד פֿערד,
צוּפֿרייכען פֿערמאַטערט און סאָפּען;
די גוים, די גויעס, צוּלעגט אויף דער ערד,
בּעשאָטענט פֿון וואָגען צוּקאָפּען...

די קינדער אין חדר צוּרויטעלט און הייס,
דער רבּי צוּוואַרימט דעם שטערן;
די אָסענע ספרים פֿערגעלטע פֿון שווייס —
קיין בּלעטעל נישט איבּערצוּקעהרען.

די ליפֿעלעך בּרוגז, די אויגעלעך מיד,
די הויזען צוּשפּילעט, אָהן קנעפּלעך:
פֿערהאַווערט צום בּאָדען — ווי ס'שלעפּט זיי אין ס'ציהט
געווענדט צו דעם דרויסען די קעפּלעך...

# קינדערלעך.

זומער־לעבן, אין געסעלע,
ליכטיג איז אין האַרימליך;
אויפ'ן פענצטער־פעסטעלע
בלאַמט די זון דערבאַרעמליך.

נאַקעט, אין די העמדעלעך,
זיצען ליב די קינדערלעך;
שפּילען זיך אין זעמדעלעך,
אַזוי פיין און האַנדערליך.

די בעקטשיגע ליקעלעך,
גלאַנצען בלאַנק אין קרויזעלעך;
טויזענד מעם די בעקעלעך,
בליהען, ווי די רויזעלעך.

די צובּרענטע אויגעלעך,
פרעהליך אַלץ אַנקוקענדיג,
פינקלען ווי ביי פויגעלעך —
זיך פון ליסט דערקוויקענדיג...

יעדער מיט די הענדטעלעך,
גראָבט זיך אויס אַ גריבעלע;
קלעבט אַהים די ווענדטעלעך, —
מויערט זיך אויס אַ שטיבעלע.

רעקט מיט שטרוי זיין באַטקעלע,
צוימט עס איין אין הויפעלע,
שאַפט זיך באַלד אַ מאַטקעלע,
אויס אַ טיך — אַנ'עופעלע.

זיכט זיך אויס אַ פערעלע,
שטעלט עס פאַר אַ טישעלע;
רופט צונויף אַ סעודה'לע —
טיילט זיך מיט'ן קרישעלע.

שטרויעט מען א בעקעריי,
מ׳קנעט פון ליים די שטריצעלעך:
ווערט א גאנצע נעקעריי —
יעדער וויל צו פיצעלעך...

עפענט מען א קרעמעלע,
אינ׳ם שענסטען דירה׳לע —
פאר׳ן בעסטען זעמעלע,
צאהלט מען א פאפירעלע.

אזוי פוהרט זיך ס׳קרענצעלע,
נאר געב׳בעל-הבתי וועט!
ביז מען כאפט א טענצעלע,
און אל׳ץ ווערט צוטראטעוועט...

# שבועות׳לעד.

קויף איך מיר שבועות׳לעך —
ס׳שטיבעל אויסצוציהען;
קלויבען זיך די קינדערלעך
נעבען די קוואטירען.

טרעט איך נאהנט צום פענסטערעל,
ווייז אהם די שויבען;
רייסען זיי די קעפעלעך
קענען מיר נאך אויבען.

שטעל איך אוים די מיליציע —
רייטער און סאלדאטען;
שרעקען זיי — די פיקעלעך
זאל זיי נאר נישט שאדען...

סדר איך די חיה׳לעך:
לייבען, טיגער, בערען;
ביילען ווי די פּיסטעלעך —
שמשון׳ס גלייך צו ווערען....

אָקסען, קיה און קעלבעלעך,
לעמער, שאָף און ציגען:
שניקען ווי די ליפּעלעך,
מעקען — אַ בערגעניגען...

הויק איך ענג די פויגעלעך,
פראַנק און פריי און רייהע;
הויבען ווי די פיסעלעך,
פּיפּצען — אַ מחיה...

פאָר איך וואָלף און שעפּסעלע,
הירשען ביי די זייטען:
קלאַטשען ווי די העגדטעלעך:
ס׳איז משיח׳ס־צייטען!...

פלאַמט די זון אין הויפּעלע,
הילעכט אים „אקדמות״;
רויטלען ווי די בעקעלעך,
וואַרטען אויף נחמות...

קלעב איך גרינס און גרעזעלעך,
פלעכט אַ מגן־דוד;
הילען ווי ציפּרידעגע —
טאַקע איהם לכבוד!

אַזוי קוועל איך שעה׳ענדויז,
שפּיל מיך מיט די קינדער,
ביז עס קומט דער טאַטענו,
קישט מיך פאַר׳ן וואַנדער...

## אין וואַלד-גן-עדן.

ווידער גרין אין היקער הָל,
ווידער גראָז און בלומען;
איך צושמייכעל זיך אין קוואַל,
פרעהליך דורכגענומען...

אַייל דערהייטערט אין פערלויף,
אינ'ם וואַלד אַריבער;
קלעטער דרייסט אַ בוים אַרויף —
קוק די געגענד איבער...

איך דערפרעה מיך און צוטאַנץ,
שפרינג פון בוים אַהונטער;
פלעכט פונאַנדער בונט אַ קראַנץ
פול מיט בלומען, — מונטער!

איך צוהוליע מיך, צוזינג
פול מיט פערטענונגען;
פיהל מיך לוסטיג, פריש און יונג,
לעבעדיג פון נייען.

שוואַלב און פייגעל פראַנק און פריי,
העלפען מיר אין פרייהען.
איך בעגייסטער מיך הערביי,
פלאַטער אין גן-עדן...

## אויפ'ן בריקעל.

שטעה איך אויפ'ן שמאלען בריקעל,
קוק צום וואלד אהינטער:
זעה איך, ווי די זון אין הימעל
גערט אין מערב אינטער.

קריך איך איבער חעם געלענדער,
שמייכעל איהר פון וויטען;
ווענדט זי אב פון מיר דאס פנים,
טראגט זיך אב בעצייטען.

גלייך איך איס דעם קאפ, די פרייצעס,
גרים איהר מיט די בליקען;
כאפט איהר שטראהל מיך פאר'ן אויער:
זאלסט מיר נישט נאכקוקען...

## אין שטראם.

דאס טייכער שוימט,
דאס וואסער שטראמט,
די וועלען לויפען, יאגען;
עס שווימט א כאר,
פון קרויזען=האר,
געוואשען און געצהאגען.

א ווינטער קיהל.
צווינגט זיך שטיל,
און קעמט זיי גלייך אין לאקען;

אין פלעכט זיי אוים;
אין ווילבער שטרוים,
פערציטערט אין צישראקען...

א זון־געשטראהל,
פערכאפט א האל,
אין גילדט איהר אב די בריגען;
זי שעמערירט,
פון ליכט געצירט,
די שוועסטער צו פערשעהמען.

עס שטורמט אויף,
אין ווילד געלויף,
א מחנה שפליטער־שפריצען;
א פערל־קראנץ, ·
אין בונטען גלאנץ,
דעם וועג זיי צו פערבליצען...

עס שפרינגט אהער,
פון ווייט אין קווער,
א חייל פריש געטראגען;
דאס טייכעל שוימט,
דאס וואסער שטראמט,
די וועלען לויפען, יאגען...

# די גרעגערהע.

(ליגענדע).

אינ'ם קליינעם וועלדעלע,
נעבען שטילען טייכעל,
וואוינט אַ כשוף=מאַכער'ן,
אין איהר גרינעם היכל.

זומער=לעב, די קינדערלעך
גלוסט זיך באָדען, שווימען, —
ווערט מען אָפט פערצאַפּעלטע,
פאַר איהר ווילדען ברומען.

— דאָרטען וואוינט אַ גנב'טע —
נעהמט מען זיך פערשמייסען, —
וואָס פערגנב'עט יונגעלעך,
אין דערטרינקט אָהן וויסען.

יעדער בלייבט אין ציטערניש,
שרעקט זיך אונטערטיקען, —
בלעזלען זיך די וועלעכלעך,
אפשר איז מכוּון....

נאָר איין אַייזיק=וועלוועלע,
ווייס נישט פון קיין מורא —
וויזט זיך מיט זיין בריה'שאַפט,
רייצט זיך מיט דער „סחורה"...

איינמאָל דאָך, ל"ג=בעומר=צייט,
האָט ער זי געפאַנגען:
וועך יעס איז די גרעגערקע
איז מען באַלד חרגאַנגען.

דעמאָלט װערשט צופֿרידענע,
פֿלעגען מיר צולאַכען:
פֿרײכען אונז די עלטערן
פּחד אָנצומאַכען...

אָבער, גראָד אין תשעה=באב,
מ'האָט זיך פֿריש געבאָדען,
האָט זי אײזיק=װעלװעלען'ן
צו דעם דין געלאָדען...

טרױעריגע, פֿערמאַטערטע,
פֿלעגט מען זיך צוקװעדלען:
װען מען געדט אונז מוסר'ן
ד'מעשה אונז דערצעהלען:

אינ'ם קלײנעם װעלדעלע,
נעבען שטילען טײַכעל,
װאױנט אַ כּשוף-מאַכער'ן,
אין איהר גרינעם היכל.

# אין װאַלד.

דער װאַלד איז פֿערצװײפֿעלט,
דער װאַלד איז פֿערטרױערט; —
עס האָט איהם צו=װעניג
דער זומער געדױערט.

עס קראַקען די ראָבען,
עס ברומען די װינטען,
עס קרעכצען די דעמבעס,
עס זיפֿצען די לינדען.

עס הערט זיך אַ הײַלען,
עס װײַנט און עס לױערט;
דער װאַלד איז פֿערצװײפֿעלט,
דער װאַלד איז פֿערטרױערט...

## הערבסט.

די אלול־נאכט איז שוואַרץ און גרוי,
עס זעהט זיך נישט קיין שטערען;
דער הימעל שלאָפט אין בענקעניש,
און שטיקט און זיך די טרעהרען.

די גאסען קויטיג, פייכט און נאַס,
פון טרויער הירבנענימען;
בעוואשען זיך און ציטערניש,
און שווייגען שטיל און שטומען.

די לאָמפען־פלעמלעך ברענען טריב, —
ווי אימעטיג זיי שיינען!
עס נעהמט אַהורך אַ קלעמעניש,
מען קען פון צער נישט וויינען...

## רעגען.

עס גיט אַ קנאַק אַ הונער,
עס פלאַקערט אויף אַ בליץ;
יעטוועדער ווערט דערציטערט,
געקלאַמערט פונ'ם היץ.

מען קוקט אַרויף צום הימעל,
מען מורמעלט עפּעס טריב;
עס פאַלט אַראָב אַ רעגען,
און טרייסט אונז אַזוי ליב...

## מיין מזל.

אויף מיין קלאָרען העלען הימעל,
ווייזט זיך מיר אַ וואָלקען-פלעק;
איך דערציטער פאַר'ן גענעל —
פאַר מיין מזל האָב איך שרעק.

דאָך דער נעבעל ווערט צוּרונען,
פאַר מיין ציטערדיגען בליק;
און מיין הימעל שיינט מיר ווידער —
גליקליך איז מיין מזל צוּריק.

## דער ערשטער שניי.

דער ערשטער שניי, דער ערשטער שניי,
איז אויפ'ן גאַס געפאַלען;
און אַלע חיקענס ציטערען,
מען הילט זיך אין די פוטערען —
אַנ'אַנדער זון וועט שטראַהלען!...

דער ערשטער שניי, דער ערשטער שניי,
און קינדער אויגען בליצען;
מען גרייט זיך צוּ די גליטשעלעך, —
מען קויפט פאַפיר און ליכטעלעך —
לאַמטערנען זיך צוּ שניצען...

דער ערשטער שניי, דער ערשטער שניי,
עס הוּלען די געבליטען;
די יונגע שטיפען, הוליענען,
זיך היימיש צוּ פערטוליענען —
עס וועט באַלד געהן דער שליטען.

דער ערשטער שניי, דער ערשטער שניי,
מען שפּאָרט קיין האָלץ און פייער!
די באָבע ויפט די פעדערען,
ס'וועט אַרבייט זיין פאַר יעדערען —
די מעשיות וועלען טייער!...

# חנוכה.

קומט דער ליבער חנוכה,
צינדט מען אָן די ליכט;
האָוען אים די קינדערלעך,
פרעהליך אויפגעריכט.

לעדיג גאַנצע אָהענגרען,
פריי פון חדר־יאָך;
הוליעט מען אויף קערמישען,
גאָר די גאַנצע וואָך.

טיף פערהוקט די באַשליקעס,
וואַרים אָנגעפּעלצט;
שפּאַנט מען צו די אייטעטע,
פון'ם יונגסטן ביז עלטסט.

אַיינגעהייצט אין אויוועלע,
ליכטיג אין געצעלט:
קלויבט מען זיך אין חברה,
ווייזט מען זיך דאָס געלד...

שמעקט פון פאַן מיט לאַטקעלעך,
פרעגעלט זיך דאָס שמאַלץ;
כאַפּט מען זיך צום שפּילעניש,
קליגט מען זיך אין אַלץ.

אויפ'ן טיש דאָס טרענדעריל,
אויפ'ן טאַץ דעם קאָהן;
קוקט מען אויף די אותיות —
ועמען זאָגט ועס אָן?

מאַכט זיך נאָר אַ שטיטערעל, —
דרעהט מע'נ'ס אוים געשיקט;
שטעלט זיך גראָד אַ טרעפעניש —
פיהלט מען זיך בעגליקט...

געהט עס איינעם אומעטיג,
פאלט איהם שלעכט דער גאנג;
בריה'ן זיך די עלטער'ן —
לאזען נישט אין צוואנג....

פיל די טאש מיט גראשענעס,
גריזען אויפ'ן טיש;
פראווען מען די וויעטשערע
אב, געזונד און פריש.

דרויסען קנאקט א פרעסטעלע,
פאלט א שניי געדיכט — — —
האוען אום די קינדערלעך,
פרעהליך, אויפגעריכט...

## שנייער.

ווילבערנע שנייעלעך,
לויטערע פליטערלעך;
העלע מטבע'לעך,
ווייסענקע צוויטערלעך.

צעהנערלעך קליינענקע,
קלינגערלעך ליכטיגע;
קייקעלעך רייטענקע,
הערליכע, ציכטיגע.

פלאטערענדע פליהערלעך,
שמעטענדלעך פאלענדע;
פינטעלעך, גליהערלעך —
גלאנציגע, שטראהלענדע.

צאצקעלעך פינקלענדע,
סודות'דיג שטילענקע,
גלענצערלעך שמינקלענדע, —
פראסטיגע, קיהלענקע...

# ווינטער.

שנייעלעך, פליטערלעך, שיטען און שיטען,
הילען אלץ דיכטער און ווייסער;
קינדערלעך ליבענדע שליטען ביי שליטען,
גליטען זיך, יאגען זיך הייסער.

אייגעלעך, פייערדיג בלינצלען און פלאמען,
הערצעלעך קלאפען און קלאפען;
ליפעלעך שמייכלענדע, ציהען צוזאמען,
קענען דעם אטעם קוים כאפען.

פנימלעך, ליכטיגע, רויטלען און קוועלען,
הנ׳דלען זיך ליבער און ליבער;
פרעהליכע, לוסטיגע, יובלענדע טרעלען,
גריסען זיך, ווינקען זיך איבער.

פארקאיעס, בלאנקענדע, פלעסקען און וועקען,
גלעקעלעך קלינגען און קלינגען;
טויזענדער לאכענדע קולות ענטפלעקען,
בלייבען אין טומעל פערשלינגען.

רידהעהדיג, לעבעדיג, טריטען נאך טריטען,
זוכען די פערד מיט די שמייסער;
שנייעלעך, פליטערלעך, שיטען און שיטען,
הילען אלין דיכטער און הייסער.

## די בייזע, שוואַרצע קראָה.

ווייסער־שניי אין ווייסער פראָסט,
אַלץ אַהים אין ווייסען;
נאָר די בייזע שוואַרצע קראָה,
פלאַטערט, זי צוטרייבען.

גרויסער אייז אין גרויסער באָן,
אַלץ אַהים אין גרויסען;
נאָר די בייזע, שוואַרצע קראָה,
לויערט — נישט צו טרויען...

קאַלטער טוי אין קאַלטע טפט,
אַלץ אַהים אין קאַלטען;
נאָר די בייזע, שוואַרצע קראָה,
קראַקעט ווילד, בּעהאַלטען...

ווינטער־ווינד אין ווינטער־שטורם,
אַלץ אַהים אין ווינטער;
נאָר די בייזע, שוואַרצע קראָה,
יובעלט פריי אין ווינטער — —

## 2 פֿינגער.

2 פינגערלך אין הינטער —
פראָסטיג איז געווען, —

האָבען זיך הערזעהן
אין פענסטערעל אַקעגען.

אין שטיינגעלען צופרידען,
וואָרים אויפ'ן ברוסט,
הוליעט אינס מיט לוסט,
אויף קערענדלעך אַ קופּע.

דאָס טרילערן איז פרעהליך,
גליקליך קלינגט די שטים,
אויפ'ן הויף אַרום
דאָס צוויטשערן פערהילעכט...

דאָס אַנדערע אויף דרויסען —
טרויעריג און געריהרט,
ציטערט קראַנק און פריהרט
אין קלעמעניש און הונגער.

דאָס יאָמערען איז ביטער,
שרעקליך איז די טרעהר:
ווינטער קומט אַהער
דאָס נזרמעלען צוזעהטאָגט...

זיי חלומען און בענקען —
ער און זי אין האַרץ;
יעדער מיט זיין שמאַרץ
פון עלענדקייט פער'חלש'ט...

# דעם בוימ'ס סוף.

נישט ווײַט פֿון װעג אין מיטן פֿעלד,
געברױהרטן פֿון חנר גרױסער קעלט,
שטעהט אײנזאַם שטיל אַ װיסטער בױם,
פֿערחלומ'ט,. װי אין טיפֿען טרױם.

עס פֿאַלט אַראָב אַ װײַסער שנײ,
בעקלײדט איהם אין תכריכים=גײַ;
ער בױגט זיך חיהיג צו חנר ערד
און בלײַבט אין עולמות פֿערקלערט.

עס קומט אַהער אַ שװאַרצער קראָה,
און זאָגט איהם אָן: די פֿראָסט איז דאָ!
ער צאַפּעלט=אױף און קרימט זיך אוים
און לאָזט אַ שטומען זיפֿץ אַרױס.

עס גיט אַ בליאַסק אַ שאַרפֿער האַק —
ער ציטערט אױף און גיט אַ קנאַק,
צעטרײסעלט מיט אַ בײז געברױס
און פֿאַלט אַנידער טױט און שטום.



# בעלי-מלאכות.

## 1.

## אַ שוסטער.

— וואָס איז דאָס אַ שוסטער?
— אַ וואוילער בעל-מלאכה,
פאַר דער וועלט און מענשען
פול מיט מזל-ברכה:

שטעכט די נאָדעל, קלאַפּט די שפּילקען,
ציהט די דראַטווע גיך;
מען מען שפּרינגען, לויפען, איילען,
און די בלאָטע טויזענד מיילען —
בלייבען גאַנץ די שיך.

אַזוי שטעכט ער, שפּילט ער,
שפּאָרט קיין וויקס, קיין גלאַנץ;
ביז מיר האָבען שיכלעך
פּשוט צו דעם טאַנץ.

רעפריין:

וואָס מען איז און ווער מען איז,
לערנט אַ מלאכה;
אַרבייט מאַכט דאָס לעבען זיס,
אַרבייט איז אַ ברכה.

## 2.

## אַ שניידער.

— וואָס איז דאָס אַ שניידער?
— אַ וואוילער בעל=מלאכה;
פאַר דער וועלט און מענשען
פיל מיט מזל=ברכה:

פּרובט די נאָדעל, פּונקטליך מאָסען,
נעהט לייכט אויף מאַשין;
טראָגט מען ווינטער וואַרמע בגדים,
דאַנקט מען אים פאַר זיינע חסדים,
שעצט מען טריי זיין זין.

אַזוי שערט ער, נעהט ער,
פיל מיט מיה און פלייס;
ביז מיר טראָגען קליידער,
וואַרים, גוט און הייס.

רעפריין:

וואָס מען איז און ווער מען איז...

3.

## אַ בעקער.

— וואָס איז דאָס אַ בעקער?
— אַ וואוילער בעל-מלאכה;
פאַר דער וועלט און מענשען
פול מיט מזל-ברכה:

קנעט דאָס טייג און פלעכט דעם קיכען,
וועלגערט מצות אוים;
חלות, לעקיך צום בערזיכען,
שפּרט און קיגעל — פאר משיח'ן —
טויזענד שעם היערוים...

אַזוי קנעט ער, פלעכט ער,
באַקט און היקט דאָס ברויט;
ביז מען איז געזעטיגט
און מען ווייס קיין נויט.

רעפריין:

וואָס מען איז און ווער מען איז...

## 4.

## אַ טישלער.

— וואָס איז דאָס אַ טישלער?
— אַ וואוילער בעל-מלאכה;
פֿאַר דער וועלט און מענשען
פֿול מיט מזל-ברכה:

פֿירט די זעג און שפּאַנט דעם היבעל,
רייבּט און גלעט דאָס האָלץ;
שענק און בעטען אינ'ם שטיבעל,
טיש און בענק, דאָס גאַנצע מעבעל,
איז זיין רוהם און שטאָלץ.

אַזוי זעגט ער, היבעלט,
פֿאָלעטורט און שניצט;
ביז מען האָט די ווירטשאַפֿט
הערליך אויפגעפּוצט.

רעפֿריין:

וואָס מען איז און ווער מען איז...

5.

## א שמייכער.

וואס איז דאס א שמייכער?
— א וואוילער בעל־מלאכה;
פאר דער וועלט אין מענשען
פול מיט מזל־ברכה:

הויבט די צואנג אין לעגט דאס אייזען,
אזוי לאנג ס'איז הייס;
לאמט דאס פערד אין מיטען ריזען,
מוז מען דאס פון שמערין הערליווען —
שמידט מען דאס אויפ'ס ניים.

אזוי שלאגט ער, הילעכט,
שווייסט דעם פערד די טריט,
ביז מיר קענען הייסער,
אין גאלאפ רערמיט...

רעפריין:

וואס מען איז אין ווער מען איז...

# אינהאלט:

עס זענען ארויס פון דרוק:

1) **די פאלקס-בילדונג ביי ליטעז און ביי אונז** פון לאזאר קאהאן. פרייז **1** מארק.

2) **די נאציאנאליטעטען-פראגע אין פוילען** פון געארג גאטהיין. פרייז **35** פעניג.

3) **די ענגלישע מלוכה-מענער** פון סיל-בארא. פרייז **40** פעניג.

**די לאגע און די אויפגאבע פון יודישעז האנדווערקער** פון לאזאר קאהאן, פרייז **40** פעניג.

**יודישע פאלקס-וויצעז**, געזאמעלט דורך ל. קעסטין. פרייז **40** פעניג.

**דער קלאסיקער פון דער יודישער ליטעראטור** (א כאראקטעריסטיק פון שלום-עליכם) פון מ. וואנוויל ד פרייז **50** פעניג.

**די פיר צייטע פון יאהר**, אנטאלאגיע פאר קינדער פון י. ראווין. פרייז **1** מארק.

מיט בעשטעלונגען זיך ווענדען:

**„VOLKSBLATT“, LODZ.**

**Sonn-Feigelech von Herschele.**

---

Geprüft u. auch für Ausfuhr freigegeben unter Nr. 16996 K. D. Presseabteilung, Lodz, 5. März 1918

Z. Bar

## הערשעלע.

### I.

# זון-פייגעלעך.

## א זאמלונג

## לידעלעך פאַר יודישע קינדער.



לאָדז 1918.



דרוק „פאָלקסבלאַט" לאָדז, פעטריקויער 85.

יודישע קינדער-
ביבליאָטעק



פערלאַג:
לאַזאַר קאַהאַן.